דוד מאַטים

# דעניקין

און דער

# „פאָרווערטס"

•

פאַקטן און דאָקומענטן

•

פאָטאָגראַפיעס פון אַרטיקלען
אין „פאָרווערטס"

•

באַקענט זיך און מאַכט אייער אייגענעם אויספיר!

פרייז 3 סענט

אַרויסגעגעבן פון דער

„מאָרגן־פרייהייט״ אַסאָסיעישאַן

1946.

# DAVID MATIS:

# DENIKIN AND THE FORWARD

# FACTS AND DOCUMENTS

Offices of the Morning Freiheit

New York—Tel. AL. 4-9480, 35 E. 12th St.
Boston—Tel. Hancock 5883, 611 Wash.
Newark—Tel. MArket 2-2643, 502 High
Philadelphia—Tel. Walnut 2558, 501 Pine
Chicago—Van Buren 3240, 3620 W. Roose.
Cleveland—Tel. Skyline 1124, 3624 E. 151
Detroit—TYler 7-5319, 2705 Jo: Road
Los Angeles—Mich. 9401, 257 S. Spring
Pittsburgh—Atl. 3253, 710 Columbus Bldg.



Published by the
MORNING FREIHEIT ASSOCIATION
35 East 12th Street, New York 3, N. Y.

Price 3 cents

**ד**עניקין אין ניו יאָרק!

שווער צו גלויבן!

שווער צו גלויבן, ווייל דער נאָמען דעניקין דערוועקט ביי אידן זכרונות פון צענדליגער טויזנטער אויסגעקוילעטע אידן אין אוקראַינע.

שווער צו גלויבן, ווייל דער נאָמען דעניקין פרישט אויף ביי יעדן אידן די אומהיילבאַרע וואונד פון אידישן פאָלק — זעקס מיליאָן, א דריטל פון אונזער פאָלק — אומגעבראַכט דורך דעם דעניקין פון מלחמה נומער 2 — אדאָלף היטלער.

שווער צו גלויבן, ווייל דעניקין, דער געוועזענער הויפּט פון די אַנטי־סאָוועטישע אַרמייען אין אוקראַינע אין 1919־1920 און אידן־מערדער, האָט זיך ניט געענדערט.

דער זעלבער דעניקין — הויפּט פון די וויים־גוואַרדייאישע פּאָגראָמ־שטשיקעס; דער זעלבער ציל — פאַרניכטן דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד; די זעלבע מיטלען — „שלאָג אידן און ראַטעווע רוסלאַנד".

## ס'איז דער זעלביגער דעניקין

באַלד נאָכן אָנקומען אין ניו יאָרק אין אָנהויב דעצעמבער, האָט דעניקין געמאָלדן זיינע פריינט, אז ער האָט זיך ניט געענדערט; אז אין פראַנקרייך, וואו ער האָט געוואוינט די לעצטע 20 יאָר, איז אים געוואָרן „היים", ווייל ביי דער מאַכט איז געקומען א רעגירונג פון סאָציאַליסטן, קאָמוניסטן און אַנדערע אַנטי־פאַשיסטישע גרופּן; אז ער האָט זיך אָפּ־געטראָגן קיין לאָנדאָן, וואו דער ענגלישער גענעראַל־שטאַב האָט אים באַ־זאָרגט מיט א קאַיוטע אויף דער לוקסוס־שיף „קווין עליזאַבעט".

דער ענגלישער גענעראַל־שטאַב... דער זעלבער דעניקין — דער זעלבער ענגלישער גענעראַל־שטאַב. לייענט די פאָלגנדיגע ווערטער:

„די טראַגעדיע פון אידישן פאָלק באַשטייט איצט אין דעם, וואָס עס איז אויסגעקומען אזוי, אז אפילו אונזערע פריינט האָבן אויף אַן אומ־דירעקטן אופן געהאָלפן די פּאָגראָמען. און דער אמת איז, אז דעניקינ'ס סאָלדאַטן און קאָזאַקן האָבן דערשאָסן א סך אידן מיט די ביקסן, וואָס ענגלאַנד האָט פאַר זיי צוגעשיקט..."

א ב. ק א ה א ן, רעדאַקטאָר פון „פאָרווערטס", האָט דאָס דער־קלערט אויף אַ טרויער־מיטינג נאָך די דעניקין־קרבנות. דער באַריכט איז געדרוקט אינעם „פאָרווערטס" פון 25טן נאָוועמבער, 1919.

1919—1945. אַ באַזיגטער אין פּאַריז, גרייט זיך דעניקין פאַרן גרויסן טאָג, „ווען דער גורל פון רוסלאַנד וועט אַנטשיידעט ווערן".

1933—1945. אַ זיגרייכער דעניקין אין בערלין. היטלער נעמט זיך אונטער דורכפירן די דעניקין־פּראָגראַם: פאַרניכטן דעם סאָוועטן־פאַר־באַנד און אומברענגען דאָס אידישע פאָלק.

1946 — דער זעלבער דעניקין, איצט שוין אין ניו יאָרק, אויף אַ מיטינג אין מאַנהעטן סענטער, דעם 5טן פעברואַר, לויבט דעם „פאָר־ווערטס"־מיטאַרבעטער ר. אַבראַמאָוויטש פאַר זיין פּראָגראַם „אַפּראָצו־וואַרפן די סאָוועטן־רעגירונג מיט געווער אין האַנט".

## „פאָרווערטס" פאַרטיידיגט דעניקינען

די אידישע אַרבעטער און פאָלקס־מענטשן האָבן אויפגעציטערט, ווען די אידישע פּרעסע האָט פאַרעפנטלעכט די נייעס, אַז דער אידן־מערדער דעניקין איז אַנגעקומען אין ניו יאָרק. די „מאָרגן־פרייהייט" האָט אין משך פון עטלעכע וואָכן דורכגעפירט אַן אונטערזוכונג וועגן דעניקינ'ס פאַרבינדונגען אין אַמעריקע און וועגן זיינע טעטיגקייטן דאָ אין לאַנד. זונטאָג, דעם 3טן פעברואַר, האָט די „מאָרגן־פרייהייט" פאַר־עפנטלעכט די ערשטע רעזולטאַטן פון דער אונטערזוכונג. צווישן אַנדערעס זיינען אַרויסגעבראַכט געוואָרן די פאָלגנדיגע פאַקטן:

1. דעניקינ'ס קומען קיין אַמעריקע איז ענג פאַרבונדן מיט דער פאַרשטאַרקטער טעטיגקייט דאָ אין לאַנד פון די פירער און אַנהענגער פון דער געוועזענער פּוילישער פּאָגראָם־רעגירונג אין לאָנדאָן געגן דער פאָלקס־רעגירונג אין פּוילן.

2. דעניקין שטייט אין פאַרבינדונג מיט די רעשטלעך פון די וויים־גוואַרדייאישע מיליטערלייט, מיט די אַנהענגער פון דער געוועזענער פּוי־לישער „גלות־רעגירונג" אין לאָנדאָן, מיטן צוועק צוצוגרייטן אַ „הייליגן קריג" געגן דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד.

3. דעניקין דינט געוויסע איינפלוסרייכע לייט אין לאָנדאָן און אין וואַשינגטאָן אין זייער קאַמפּעין געגן דעם נייעם פּוילן און געגן דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד.

4. דעניקין און זיינע אָנהענגער נוצן אוים געוויסע „סימפּאַטישע" אידן אויף ריינצואוואַשן זיין נאָמען.

די „סימפּאַטישע אידן" געפינען זיך אין לאַגער פון דער רוסישער קאָציאַליסטישער עמיגראַנטן־קאָלאָניע אין אַמעריקע און זייער וואָרט־זאָגער איז דער זעלבער „פאָרווערטס"־מיטאַרבעטער ר. אַבראַמאָוויטש, וועלכער גלויבט, אַז „שטירצן די סאָוועטן־מאַכט קען מען בלויז מיט געווער אין האַנט".

די „סימפּאַטישע אידן" געפינען זיך אין רעדאַקציע פונעם „פאָר־ווערטס", וואָס רעדט איצט אָפן וועגן אָרגאַניזירן געגן דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד אַ „מערב־בלאָק". סיי די וויים־גוואַרדייאישע אימיגראַנטן, מיט אַבראַמאָוויטשן אין דער שפּיץ, סיי דער „פאָרווערטס" זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַגענטן פון דעם ענגלישן אימפּעריאַליזם, וואָס האָט, ווי אַב. קאַהאַן האָט דאָס עפנטלעך דערקלערט אין 1919, צוגעשטעלט די געווער מיט וועלכע דעניקינ'ס סאָלדאַטן האָבן אויסגעשאָכטן צענדליגער טויזנטער אידן.

אין 1946 האָט די ענגלישע רעגירונג, איצט אַ לעיבאָר־רעגירונג, צוגעשטעלט די אַנטי־סאָוועטישע העצער אין אַמעריקע אַ „פיהרער" — דעם זעלבן דעניקין.

## ראַבעווען און גזלנ'ען האָט דעניקין געמוזט, שרייבט דער „פאָרווערטס"

און דער „פאָרווערטס" האָט זיך אונטערגענומען ריינצואוואַשן דעם אידן־מערדער און געוועזענעם הויפּט פון די אַנטי־סאָוועטישע אַרמייען אין אוקראַינע.

דער דזשאַב איז אַ שווערער. שווער צו באַווייזן אידן, אַז דעניקינ'ס הענט זיינען ניט באַפלעקט פון אידיש בלוט. אָבער דער „פאָרווערטס" טוט עס אויף אַן עכטן „פאָרווערטס"־אַבראַמאָוויטש אופן.

פרייטאָג, דעם 18טן יאַנואַר, האָט דער „פאָרווערטס" אָפּגעדרוקט אַ לאַנגערן אַרטיקל וועגן דעניקינען. צוערשט ווערן איבערגעגעבן עטלעכע פאַקטן וועגן דעניקינ'ס שחיטות אויף אידן. דאָס קען מען, פאַרשטייט זיך, ניט אָפּלייקענען אפילו אין „פאָרווערטס". באַלד נאָך די פאַקטן וועגן די שחיטות קומט אָבער די „אויפקלערונג". דער „פאָרווערטס" שטעלט די פראַגע:

פארווערטס

פרייטאג, יאנואר 18, 1946

אבער דא שטעלט זיך די פראגע:
האט גענעראל דעניקין ארגאניזירט די
דאזיגע פאגראמען? ניין! מוז זיין
דער ענטפער. און דאך טראגט ער אין
מוז טראגען די פאראנטווארטליכקייט.
ווי זיכער איך בין אין דעם, אז גע־
נעראל דעניקין האט ניט ארגאניזירט
די פאגראמען, אזוי זיכער בין איך,
אז ער האט זיי געדולדעט, האט ניט
געקעמפט קעגען די פאגראמען, כאטש
מען איז געלאפען צו איהם און געבע־
טען און געפאדערט, אז ער זאל אונ־
טערנעמען מיטלען קעגען די פאגראמען.

ווי איז דאס צו דערקלערען? די
נואם האבען דעמאלט געלעבט אין
אוקראינע וועלען דאס זעהר גרינג
פארשטעהן. ראבעוועס און גזל'ענעס
האט דעניקין געמוזט לאזען זיין אר־
מיי, ווייל געלט אויף אויסהאלטען זיין
ארמיי האט ער ניט געהאט און נעמען
ביי די פויערים אהן געלט האט מען
מורא געהאט פאר אויפשטאנדען. איז
געווען דער איינציגער אויסוועג צו ער־
לויבען דער ארמיי נעמען דאס וואס
ליגט אם גרינגסטען. און וועמעס איי־
גענטום איז נאך אזוי הפקר ווי אידיש

„האָט גענעראַל דעניקין אָרגאַניזירט די דאָזיגע פּאָגראָמען?"

און דער „פאָרווערטס" גיט באַלד צו:

„ניין! מוז זיין דער ענטפער..."

און אויב אָט דער „ניין" וועט זיך ניט צוקלעפּן צו די לייענער, מאַכט עס דער „פאָרווערטס" נאָך שטאַרקער. ער שרייבט ווייטער:

„... די וואָס האָבן געלעבט אין אוקראַינע וועלן דאָס זייער גרינג פאַרשטיין. ראַבעווען און גזלנ'ען האָט דעניקין געמוזט לאָזן זיין אַרמיי, ווייל געלט אויף אויסהאַלטן זיין אַרמיי האָט ער ניט געהאַט..."

טראַכט זיך אַריין אין די „פאָרווערטס"-ווערטער:

„... ראַבעווען און גזלנ'ען האָט דעניקין געמוזט לאָזן זיין אַרמיי..."

דערמאָנט דען דאָס ניט די קוויטשערייען פון די נאַצי-בעסטיעס, וועלכע האָבן אין די לעצטע יאָרן געטאָן, וואָס דעניקין האָט געטאָן אין 1919 — „געראַטעוועט" די וועלט פון דער „באָלשעוויסטישער געפאַר" און געשאָכטן אידן?

דערמאָנען דען ניט די „פאָרווערטס"-ווערטער „געמוזט" די ווילדע היסטעריקעס פון היטלערן, אַז „קיין געלט אויף אויסצוהאַלטן זיין אַרמיי" האָט ער ניט, און דעריבער „האָט ער געמוזט" צונעמען ביי אידן זייערע פאַרמעגנס און דערנאָך דורכפירן די גרויזאַמסטע פּאָגראָמען אויף אידן?

איז שווין אפשר אויך צייט פאַר די „פאָרווערטס"-אַבראַמאָוויטשעס ריינצואוואַשן די נאַצי-בעסטיעס פון נירנבערג? אויך זיי — די גערינגס, די העסעס, די שטרייכערס, — טענה'ן, אַז זיי האָבן „געמוזט". ניט קיין וואונדער, וואָס וויליאַם הענרי טשעמבערלעין האָט אין „ניו-לידער" ארויסגעשטעלט ווי אַ מוסטער דעם ענגלישן מעידזשאָר ווינוואוד, וועלכער האָט אָנגערופן די אומגעבראַכטע אידן „אָפּפאַל פון דער געטאָ" און האָט געפאָדערט, אַז ד י י ט ש ן זאָלן זיך געפינען צווישן די ריכטער אין נירנבערג...

דעם „פאָרווערטס" גייט אין לעבן אויפצוקלערן די אידישע מאַסן, אַז דעניקין איז נעבעך ניט שולדיג. ברענגט ער אַלס עדות „די, וואָס האָבן געלעבט אין אוקראַינע". זיי, זאָגט דער „פאָרווערטס", „וועלן דאָס גרינג פאַרשטיין..."

## די, וואָס האָבן געלעבט אין אוקראַינע, דערציילן...

און אָט דערציילן די עדות, די „וואָס האָבן געלעבט אין אוקראַינע", ווען דעניקין איז געווען דער הויפּט פון די אנטי-סאָוועטישע אַרמייען:

„אין די טויזנטער זיינען אומגעקומען אידן . . . גרייז־גרויע „קאָ־מוניסטן", וואָס מ'האָט געפאַקט ביי דער גמרא אין בית־מ ש; קאָמו־ניסטן עופה'לעך אין די וויגן, פאַראיינוועגס מיט די מוטעו און באַבעס צוזאַמען. אין יעדער צאָל הרוגים איבעררעשט די צאָל פאַרפייניגטע זקנים, פרויען, קינדער. מ'האָט געשאָכטן, אָבער נאָך מער האָט מען גע־שטאָכן, געהאַקט מיט שווערדן, אָפּגעהאַקט שאַרבנס. אַ סך זיינען אומ־געקומען אין פייער פון אונטערגעצונדענע הייזער. מ'האָט דערשטיקט; לעבעדיגערהייט באַגראָבן דעם 80־יאָריגן סוכאָדאָלסקי.

„אָבער אַזאַ טויט האָבן נאָך מקנא געווען מענטשן, וואָס מ'האָט זיי געפּייניגט אָן אַן אויפהער, אָפּגעשניטן דעם צונג, די נאָז, אויסגעשטאָכן די אויגן, אָפּגעהאַקט הענט און פיס; איינגעשפּאַנט אידן אין שליטן פאַר פערד, באַפוילן צעשלאָגענע האַלב־נאַקעטע מענטשן, וואָס פאַר זייערע אויגן האָט מען אויסגעקוילעט זייערע עלטערן און קינדער, זיך נעמען פאַר די הענט און טאַנצן פריילעך אַ קאַראַהאָד און זינגען . . ."

דאָס דערציילט דער עדות נ. ש ט י ף, באַוואוסטער אידישער שריפטשטעלער, אין זיין בוך „פאָגראָמען אין אוקראַינע".

און דער 9־יאָריגער ניונאַ קראַסנאָפּאָלסקי, פון טשערקאַס, לעבן קיעוו, דער איינציגער לעבן־געבליבענער פון אַ גאַנצער משפחה, דער־מאָנט זיך:

„שבת, דעם 17טן מערץ, 4 אַזייגער, איז אונזער גאַנצע משפחה גע־ווען אינדערהיים. ביי אונז זיינען אויך געווען דער שכן מאיע לעים מיט זיין פרוי, מיין מוטער, מיינס אַ שוועסטערל און איך. צו אונז איז אַריינ־געלאָפן אַ צווייטע שכנה, ביי וועלכער מען האָט דער'הרג'עט דעם מאַן, ס'האָבן זיך אַריינגעריסן אין הויז אַ 15־17 באַנדיטן. איינער פון זיי האָט אויסגעשאָסן. דער שכן איז אומגעפאַלן אַ דערשאָסענער. איך בין אַנטלאָפן אין איין צימער, אונזער שכנה אין אַ צווייטן. דאָרטן האָט מען זי דער'הרג'עט. איך בין די גאַנצע צייט געלעגן אונטערן בעט. איך האָב געזען ווי איינער אַ מערדער האָט אַלעמען צעשאָסן. איך בין גע־קומען אויפן וואָקזאַל. דאָרטן האָב איך געזען, ווי מען האָט צעשאָסן אידן, געהערט די אימה'דיגע קולות... איך בין געלאָפן איבערן שטאָט... מען האָט מיך ניט גערירט, מיינענדיג, אַז איך בין אַ רוסישער. צו מיר איז צוגעקומען אַ סאָלדאַט, מיר געגעבן אַ זעקל און געזאָגט: „גיי ראַביר."

דאָס עדות־זאָגן פון 9־יאָריגן קינד גיט איבער דער באַרימטער היס־טאָריקער פּראָפעסאָר אַ. חפץ אין זיין בוך „די אוקראַינישע

שחיטה". דאָס בוך איז אַרויסגעגעבן געוואָרן פון דעם אַרבעטער־רינג אין 1921.

און דער באַרימטער גרעזעלשאַפטלעכער טוער וו. לאַצקי־בערטאָלדי זאָגט עדות אין זיין בוך „גזרת דעניקין":

„די דעניקינצעס האָבן זיך מער אויסגעצייכנט מיט זייערע שענד־לעכקייטן און אַריבערגעשטיגן אַלצדינג, וואָס אידן האָבן ביז איצט דורכ־געלעבט. אַ בולט'ער סימן פון זייערע פּאָגראָמען איז געווען זייער מאַסן־שענדונג פון פרויען.

„אינעם שטעטעלע סמעלען האָבן מיר עטלעכע הונדערט פאַר־גוואַלטיגונגען פון אידישע פרויען. ניט־דערוואַקסענע קליינע קינדער זיינען פאַרגוואַלטיגט געוואָרן אין יעקאַטערינאָסלאַוו, אין טשערקאַס, נע־זשין, איגנאַטאָווקע, ברעזנע און באָריספּאָל. 8 ביז 10 פאַרגוואַלדיגער פלעגן אָנפאַלן אויף איין קרבן, וואָס איז געגאַנגען פון האַנט צו האַנט... אין ראַקיטנע האָבן זיי (די דעניקינצעס) אין מיטן טאָג אויס־געטאָן אַ פרוי נאַקעט און פאַרגוואַלטיגט זי לעבן דער קרייז־קאַנצעלאַריע.

„זיי (די דעניקינצעס) פלעגן אָרגאַניזירן געיעגן אויף אידישע פרויען. אין ראַוונאָפּאָל האָבן זיי ביינאַכט זיך אַריינגעריסן אין אידישע הייזער, פון וואַנעט עס פלעגן זיך הערן יעדע 15־20 מינוט געשרייען פון געשענדעטע פרויען. אין מיטן טאָג פלעגן די סאָלדאַטן פאַרשלעפן אין די הייזער אידישע פרויען און אין די אויגן פון זייערע מענער און טאַטעס פאַרגוואַלטיגן זיי. פאַרן איינשטעלן זיך אויף באַשיצן דעם כבוד פון זייערע פרויען, פלעגט מען די טאַטעס, ברידער און זין טויטן אויפן אָרט."

דער „פאָרווערטס" וויל איצט, אַז די קרבנות אין אוקראַינע, אָדער זייערע קרובים, זאָלן פאַרשטיין, אַז —

„ראַבעווען און גזלנ'ען האָט דעניקין געמוזט לאָזן זיין אַרמיי..."

## „פאָרווערטס" דרוקט דעניקינ'ס בריוו

אַ שווערע אויפגאַבע האָט זיך געשטעלט דער „פאָרווערטס" — ריינ־וואַשן דעם נאָמען דעניקין, וועמענס נאָמען עס רופט אַרויס ביי יעדן אידן אַ ציטער.

דעניקין איז אָבער געקומען קיין אַמעריקע טאָן „פאָרווערטס"־אַרבעט — העלפן העצן געגן דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד; העלפן אָרגאַניזירן דעם „מערב־בלאָק", וואָס אַבראַמאָוויטש באַזינגט שוין אין „פאָרווערטס";

# דעניקינ'ס בריוו אין „פאָרווערטס"



# פון פאלק צום פאלק

## א בריף אין רעדאקציע פון גענעראל דעניקין

מיר האבען ערהאלטען דעם פאל־גענדען בריף פון דעם באוואוסטען רוסישען גענעראל דעניקין, וועלכער געפינט זיך איצט אין די פאראייניגטע שטאטען:

ווערטער רעדאקטאר פון „פארווערטס":—

[illegible] האב זיך דערוואוסט, אז אין [illegible] איז געווען געדרוקט א ארטיקע[illegible] וועלכען עס זיינען גע־מאכט געוו[illegible] געגען מיר אומבא־גרינדעטע [illegible] באליידיגענדע באשולדיגונגען. איך וויל דעריבער אייך אינפארמירען:

1. אז איך האב קיינמאל ניט גע־האט און האב אויך איצט ניט קיין שום „געהיימע" אויפגאבען; מיין גאנצען לעבען האב איך געארבייט און ארבייט אויך איצט פאר'ן וואוילזיין פון רוסלאנד און פון רוסישען פאלק. פריהער האב איך אלס מיליטער־מאן געקעמפט מיט געוועהר. איצט טו איך עס דורך ווארט און שריפט און טו עס אפען פאר די אויגען פון דער גאנצער וועלט;

2. אין פארלויף פון 25 יאהר צייט האב איך ביטער געקעמפט געגען [illegible], און דערנאך געגען היטלע־ריזם אין א גאנצער רייהע פון מיינע ביכער, בראשורען און אויך עפענטלי־כע פארזאמלונגען אין פארשיידענע לענדער, אין די הויפטשטעט פון פינף מלוכות, מיינע ביכער זיינען געווען צווישען די, וואס זיינען פארבאטען געווארען פון דער געסטאפא און קאנ־פיסקירט געווארען פון אלע בוך־גע־שעפטען און ביבליאטעקען. די פינף יאהר צייט, וואס פראנקרייך איז גע־ווען אקופירט פון די דייטשען, האב איך געלעבט, אין א פארווארפענעם פראנצויזישען דארף אונטער פאליציי־אויפזיכט פון דער דייטשער קאמאנ־דאנטור. דאך האב איך ניט אויפגע־הערט צו פארשפרייטען אנטי־דייטשע אויפרופען צווישען די רוסישע עמי־גראנטען;

3. די כוואליע פון אנטיסעמיטישע שטימונגען האט זיך צוגאסען איבער דרום רוסלאנד אין די יאהרען 1918—1920, מיט א צייט פאר דעם אידער די ווייסע ארמייען זיינען אריין אין די שטעט און שפעטער פון דער געוועזענער „טשערטא אסיעדלאסטי". אנ־טיסעמיטישע שטימונגען זיינען געווען פארשפרייט צווישען דער באפעלקע־רונג בכלל, צווישען די פעטליורא־צעס, צווישען די אוקראינישע פארטי־זאנען, צווישען די רויטע ארמייער, צווישען די „גרינע" און די „ווייסע" ארמייען. ווען די שרעקליכע פלאמען פון גרויזאמקייט און בלוטפארגיסונג האבען אין אנפאנג פון דער רעוואלו־ציע ארומגעכאפט דאס גאנצע לאנד, זיינען אלע מאראלישע מאסען פאר־שוואונדען, און דאס מענשליכע לעבען איז געווארען זעהר ביליג. רוסישע קעפ זיינען דאן נאר א סך מעהר צו־שמעטערט געווארען ווי אידישע. ביי דער שרעקליכער אונארדנונג, וואס האט דאן עקזיסטירט, איז קיין מאכט ניט אימשטאנד געווען צו פארמיידען אט־די טראגישע געשעהענישען.

4. די אייבערקאמאנדע פון די ווייסע ארמייען אין דרום־רוסלאנד האט אנגענומען אלע מעגליכע מיט־לען געגען אידישע פאגראמען. ווי אויך געגען אלע אנדערע פארמען פון געוואלט־טאטען, אהן אונטערשייד פון דעם, צי זיי זיינען געווען געריכטעט געגען פראוואסלאווע קריסטען, מאה־מעדאנער אדער אידען. מיר האבען באקעמפט אט־די אויסברוכען פון גע־וואלט־טאטען דורך ספעציעלע ארדערס, דורך געריכטליכע קאמיסיעס, וואס האבען נאכגעפאלגט די מיליטער; דורך פעלד־געריכטען און דורך אונ־צעהליגע טויט־אורטיילען געגען די פאגראמשטשיקעס. ווען ניט די אלע מיטלען, וואס מיר האבען אנגענומען, ווען די מיליטער וואלט געהאט אפילו נאר דעם מינדסטען גרונד צו דענקען, אז די העכסטע מיליטערישע מאכט פארדיהט די אידישע פאגראמען אדער אז זי איז אפילו נאר גלייכגילטיג צו זיי, וואלט דער שיקזאל פון די אידען אין דרום־רוסלאנד געווען נאך א סך טראגישער.

אט־די שטעלונג מיינע, ווי אויך די אונגערעכטיגקייט פון דער באשולדי־גונג געגען מיר, אז איך בין א „שווארצע מאה'ניק" איז באוואוסט דער גאנצער רוסישער עמיגראציע. אין נאמען פון גערעכטיגקייט בעט איך אייך צו פארעפענטליכען מיין בריף אין אייער צייטונג.

אכטונגספול,

גענעראל א. דעניקין,

געוועזענער הויפט־קאמאנדיר פון די באוואפענטע כחות אין דרום־רוסלאנד

פון דער רעדאקציע: דעם בריף פון גענעראל דעניקין דרוקען מיר אויף'ן סמך פון „פרייער פרעסע". אין דער־עם־פראגע, וואס דעניקין באהאנ־דעלט אין זיין בריף, ווילען מיר דא איצט ניט אריינגעהן אויף דאס ניי.

דאס איז א פאטאגראפיע פון דעניקינס „אויפקלערונג" וואס דער פארווערטס" האט פאריגן זונטאג געדרוקט ווי א בריוו פון פאלק צום פאלק". באמערקט די דערקלערונג פון „פארווערטס"־רעדאקציע, אז זיי דרוקן דאס אויפן סמך פון „פרייע פרעסע"...

העלפן אָרגאַניזירן די רעשטלעך פון די ווייס־גוואַרדייער און די אָנ־הענגער פון דער געוועזענער פוילישער פּאָגראָם־רעגירונג אין לאַנד פאַר מלחמה נומער דריי — דער „הייליגער קרייץ־צוג" געגן דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד.

דעריבער טאַקע האָט דער „פאָרווערטס" געעפנט די שפּאַלטן פון דעם פעיפער פאַר זיין עלאַי דעניקין. דעם 3טן פעברואַר האָט דער „פאָר־ווערטס" אָפּגעדרוקט דעניקינ'ס ברייוו אין דער אָפּטיילונג „פון פאָלק צום פאָלק". אין ברייוו דערקלערט דער אידן־מערדער אויך, אז ער האָט אָנ־גענומען מיטלען אָפּצושטעלן די שחיטות אויף אידן...

און די רעדאַקציע פון „פאָרווערטס" האָט ניט געפונען פאַר נויטיג אפילו מאַכן א באַמערקונג צו דעם הימל־שרייענדיגן, בלוטיגן ליגן פון פּאָגראָמשטשיק! די רעדאַקציע פון „פאָרווערטס" האָט בלויז דערקלערט, אז „דעם בריוו פון גענעראַל דעניקין דרוקן מיר אויפן סמך פון פרייער פּרעסע..."

„פרייע פּרעסע" — פאַר דעם היטלער פון 1919.

„פרייע פּרעסע" — פאַר דעם היטלער פון 1919 אין אָפּטיילונג „פון פאָלק צום פאָלק" אין „פאָרווערטס" פון דעם 3טן פעברואַר, 1946.

דעניקין — דער „פאָלקס־מענטש"...

## דעניקין האָט אָרגאַניזירט שחיטות לויט א היטלער־פּלאַן

דער היסטאָריקער פּראָפעסאָר א. חפץ ברענגט ארויס אין דעם בוך, וואָס דער ארבעטער־רינג האָט ארויסגעגעבן אין 1921, צוויי וויכטיגע פאַקטן וועגן די דעניקין־שחיטות:

1. צוליב זיין פאַרזוך אַראָפּצוּוואַרפן די סאָוועטן־רעגירונג מיט געווער אין האַנט — ווי דער „פאָרווערטס"־מיטאַרבעטער ר. אבראַמאָ־וויטש וויל — האָט דעניקין געקראָגן שטיצע פון ענגלאַנד.

2. די דעניקין־פּאָגראָמען זיינען געווען פּלאַנירט און גוט צוגעגרייט. מיט 20 יאָר שפּעטער האָט היטלער בלויז קאָפּירט דעניקינען און דורכ־געפירט דעניקין־שחיטות אויף א גרעסערן פאַרנעם.

אין זיין בוך „די אוקראַינישע שחיטה", ארויסגעגעבן פון ארבעטער־רינג, שרייבט פּראָפעסאָר חפץ:

„די פּאָגראָמען, וואָס דעניקינ'ס פרייוויליגע פירן דורך, צייכענען זיך אוים מיט זייער . . . באַשטימטקייט און פּלאַנמעסיגקייט, מיט זייער סיס־

טעמאַטישקייט . . . די פּאָגראָמען זיינען אַרויסגערופן געוואָרן דירעקט דורך די באַפעלן . . . די פעסטקייט און שטאַנדהאַפטיגקייט פון דעניקינ'ס ממשלה . . . שטיצט זיך אויף „אינטערנאַציאָנאַלער אָנערקענונג" און . . . באַקומט אַ פּאַקטישע מיליטערישע אונטערשטיצונג מצד דער אַנטאַנטע."

ביי דער געלעגנהייט איז כדאי צו באַמערקן, אַז אין יאַנואַר און פעברואַר 1919 האָט די ענגלישע רעגירונג איבערגעשיקט דעניקינען 250 טויזנט יוניפאָרמס און הונדערט טויזנט פּאָר שיך און אַז זינט יוני 1919 האָט די ענגלישע רעגירונג איבערגעשיקט דעניקינ'ען דורך די דאַרדאַנעלן 200 טויזנט ביקסן, 2 טויזנט האַרמאַטן, טאַנקען, אַמוניציע און אַנדערע קריגס־מאַטעריאַלן.

און ווי אב. קאַהאַן, רעדאַקטאָר פון „פאָרווערטס", האָט דערקלערט אויף אַ טרויער־מיטינג דעם 24טן נאָוועמבער, 1919, איז די ענגלישע הילף באַנוצט געוואָרן צו טויטן אידן.

און אויף מאָרגן נאָכן מיטינג, דעם 26טן נאָוועמבער, האָט דער „פאָרווערטס" געשריבן אין אַן עדיטאָריעל:

„. . . מען קען אויף זיי (אויף די שולדיגע) אָנווייזן מיט די פינגער: שולדיג איז פּעטליורא, שולדיג איז דעניקין... שולדיג זיינען די, וואָס העלפן די אַלע באַנדיטן מיט געלט און מיט געווער און מאָראַלע שטיצע..."

„שולדיג זיינען די, וואָס העלפן די אַלע באַנדיטן . . . מיט מאָראַלער שטיצע..." אַזוי האָט דער „פאָרווערטס" געשריבן אין 1919. און אין 1946 שרייבט דער „פאָרווערטס", אַז „ראַבעוועס און גזלנ'ען האָט דעניקין געמוזט לאָזן זיין אַרמיי" און גיט אַליין דעניקינען מאָראַלע שטיצע. אין 1946 איז דעניקין געוואָרן אַ מיטאַרבעטער פון „פאָרווערטס" אין דער אָפּטיילונג „פון פאָלק צום פאָלק"...

## דעניקין און דער „פאָרווערטס" זיינען שותפים

טויזנטער אידישע און ניט־אידישע אַנטי־פאַשיסטן אין אייראָפּע זוכן צו קומען קיין אַמעריקע. די טויערן פון אַמעריקע זיינען פאַר זיי געשלאָסן. דעניקין האָט ווידעראַמאָל, ווי אין 1919, געקראָגן „אינטער־נאַציאָנאַלע אָנערקענונג" און איז אָנגעקומען אין לאַנד אָן שוועריגקייטן.

דעניקין איז געקומען אין אַמעריקע אין דער זעלבער צייט, ווען די נייעס האָט אָנגעהויבן צו באַווייזן זיך אין דער פּרעסע, אַז די ענגלישע און אַמעריקאַנישע מיליטער־רעגירונגען אין באַזיגטן דייטשלאַנד האַלטן

אוים באוואָפּנטע אַרמייען פון יוגאָסלאַוון, פּאָליאַקן און אין דער ענגלישער זאָגע אויך נאַצי־אַרמייען.

דעניקינ׳ס קומען אין אַמעריקע איז זיך צונויפגעפאַלן מיט דעם קאַמפּעין, וואָס דער „פאָרווערטס”־מיטאַרבעטער ר. אַבראַמאָוויטש פירט פאַר א „מערב־בלאָק” געגן דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד.

פארן „פאָרווערטס” איז דעניקינ׳ס קומען אין אַמעריקע א הילף אין זיינע אַנטי־סאָוועטישע העצעס. דעריבער טאַקע האָט דער „פאָרווערטס” זיך אונטערגענומען ריינצוואַשן דעם אידן־מערדער און דער היטלער פון 1919.

דעניקין און דער „פאָרווערטס” זיינען איצט שותפים. זיי פירן צוזאַמען איין קאַמף.

## אַ וואָרנונג פאַר די אַמעריקאַנער אידן

פאַר אונז, אַמעריקאַנער אידן, איז דעניקינ׳ס קומען א וואָרנונג.

דעניקינ׳ס זיין אין אַמעריקע שטאַרקט די הענט פון אַזעלכע אַנטי־סעמיטן און פאַשיסטן, ווי בילבאָ, רענקין און דזשעראַלד ק. סמיט.

דעניקינ׳ס טעטיגקייטן אין אַמעריקע העלפן צוגרייטן א נייע וועלט־שחיטה, א נייעם באוואָפנטן ארויסטרעט געגן דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד.

„היינטיגן טאָג קאָן מען שוין זאָגן, אז דער סטראַטעגישער וועג פון דער פריוווילינער אַרמיי איז א פּאָגראָם־וועג”, האָט דער באַרימטער שריפטשטעלער נ. ש ט י ף געשריבן אין 1923.

אויף דעניקינ׳ס „סטראַטעגישן וועג” אין זיין קאַמף געגן דעם סאָ־וועטן־פאַרבאַנד האָבן מיר פאַרלוירן צענדליגער טויזנטער אידן אין אוקראַינע.

אויף היטלער׳ס „סטראַטעגישן וועג” אין זיין קאַמף געגן דעם סאָ־וועטן־פאַרבאַנד האָבן מיר פאַרלוירן א דריטל פון אידישן פאָלק — זעקס מיליאָן אידן.

מיט זיינע העצעס געגן דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד; מיט זיינע אָנפאַלן אויף דער פאָלקס־רעגירונג פון פּוילן; מיט זיין שטיצע פאַר דעניקינען העלפט איצט דער „פאָרווערטס” פלאַסטערן א נייעם „סטראַטעגישן וועג” געגן דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד, א „סטראַטעגישן וועג” פול מיט נייע אידישע קרבנות.

די „מאָרגן־פרייהייט” האָט דערפילט א הייליגן חוב, ווען זי האָט

אַרויסגעבראַכט פֿאַר דער עפֿנטלעכקייט די געפֿאַר פֿון דעניקינ'ס קומען אין אַמעריקע און פֿון זיינע טעטיגקייטן דאָ אין לאַנד; די „מאָרגן־פֿרייהייט" איז געווען געטריי צו איר רעקאָרד פֿון דינען די אינטערעסן פֿון אידישן פֿאָלק, ווען זי האָט אַרויסגעבראַכט פֿאַר די אידישע מאַסן, אַז דער „פֿאָרווערטס" האָט זיך אונטערגענומען ריינצואוואַשן דעם נאָמען פֿון דעם אידן־מערדער און געוועזענעם הויפּט פֿון די אַנטי־סאָוועטישע אַרמייען אין אוקראַינע, גענעראַל דעניקין.

די „מאָרגן־פֿרייהייט" העלפֿט דעם אידישן ישוב אין אַמעריקע צו באַקעמפֿן די פּאָגראָם־העצעס דאָ, ביי אונז אין לאַנד, ווען זי שטיצט דעם קאַמפּעין פֿון די אידישע מאַסן, אַ קאַמפּעין, אָנגעפֿירט פֿון דער טרעיד־יוניאָן קאָמיטע פֿאַר אידישער איינינקייט אונטערן לאָזונג:

„דער אידן־מערדער דעניקין מוז דעפּאָרטירט ווערן פֿון אַמעריקע!"

און וואָס איז שייך דער דעניקין־צייטונג, „פֿאָרווערטס", מוזן די אידישע מאַסן אין אַמעריקע און באַזונדערס טאַקע די לייענער פֿון דער צייטונג, מאַכן זייער אייגענעם אויספֿיר!

יעדער אָרנטלעכער מענטש טאָר ניט שווייגן און טאָר ניט פֿאַר־שווייגן!